ביבליאָטעק „גרינינקע ביימעלעך״

רעדאַקטירט פון ש. באַסטאָמסקי. סעריע ב 2

לויט שילער

# פריינטשאַפט



[redacted]ידיש ש. באַסטאָמסקי







ווילנע —

פאַרלאַג „נייע יידישע פאָלקסשול״

1931

Printed in Poland

**Biblioteka „GRININKE BOJMEŁECH“**

[illegible]ed[illegible]ano przez S. BASTOMSKIEGO.

SCHÜLER

# Frajntszaft

przekład **S. Bastomskiego.**

Drukarnia „Expres“ Wilno, Wielka 33.

מיט דריטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק איז אין דער איטאַליענישער שטאָט סיראַקוז געווען אַ שלעכטער הערשער מיטן נאָמען דיאָניסיוס.

דיאָניסיוס האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיין אֶמֶת און פון קיין יוֹשֶר, ניט געהאַלטן פון קיין דין און פון קיין מִשפָט. ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט, געדריקט און געפייניקט זיין פאָלק און אָנגעטאָן אים כָלערליי נגישות.

דאָס פאָלק האָט פיל געליטן פונם שלעכטן הערשער און אים געהאסט.

דיאָניסיוס האָט גוט געוווּסט, אַז דאָס פֿאָלק האָט אים ניט ליב, און ער פֿלעגט זייער שטרענג באַשטראָפֿן די מענטשן, וועלכע מע פֿלעגט נאָר חושד זײַן, אַז זיי ריידן שלעכטס אויף אים.

איינמאָל האָט דער הערשער באַפֿוילן צו כאַפּן און ברענגען אין פּאַלאַץ אַרײַן אַ חשובֿן גריך מיטן נאָמען מיראָס.

— מע האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דו ווילסט מיר שלעכטס טאָן — האָט דיאָניסיוס געזאָגט צו מיראָסן.

— ס׳איז ניט ריכטיק — האָט מיראָס געענטפֿערט — איך האָב אַפֿילו אין זינען ניט געהאַט דיר שלעכטס צו טאָן. איך האָב נאָר געזאָגט, אַז דו ביסט ניט קיין גוטער מענטש.

— דערפֿאַר אַליין ביסטו ווערט, מע זאָל דיך טויטן! — האָט זיך דער הערשער צעבייזערט.

— איך האָב פאַרן טויט קיין מורא ניט — האָט מיראָס רויִק געענטפערט — און וועל ביי דיר אַפילו קיין מחילה ניט בעטן. נאָר איין טובה פאַרלאַנג איך פון דיר: זאָלסט מיך אָפּלאָזן אויף דריי טעג. איך וויל פאַרן טויט זיך זעגענען מיט מיינע אַלטע עלטערן. מיינעם אַ פריינט וועל איך ביי דיר אין ערבות איבערלאָזן, און אויב איך וועל ניט האַלטן קיין וואָרט, קענסטו טאָן מיט אים, וואָס דו וועסט וועלן.

— מסכים — האָט דער הערשער מיט אַ בייזן שמייכל געזאָגט — איך לאָז דיך אָפּ אויף דריי טעג. אָבער געדענקען זאָלסטו: אויב דו וועסט ניט קומען צו דער צייט, וועט מען דיין פריינט אָנטאָן די גרעסטע יסורים.

מיראָס האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין, נאָר דער הערשער האָט אים אָפּגעהאַלטן און צוגעגעבן:

— אויב דו וועסט קומען נאָכדעם, ווי מע וועט דײַן פּרײַנט טויטן, וועל איך דיר, מיגלעך, דײַנע זינד מוחל זײַן.

א בייזע כּוונה האָט דאָ דער גע־שײַטער מערדער געהאַט: ער האָט דערמיט געוואָלט געבן מיראָסן חשק ניט צו האַלטן קײַן וואָרט.

— דאַן — האָט זיך דער טיראַן גע־טראַכט — וועט דאָס פאָלק זען, אַז מי־ראָס איז א פאַלשער מענטש.

---

מיראָסעס פרײַנט האָט מען אַרײַנ־געזעצט איז תפיסה און מיראָס איז געגאַנגען צו זיך אין דאָרף אַריין זיך זעגענען מיט זײַנע אַלטע עלטערן.

אַז די אַלטע לײַט האָבן זיך דער־וווּסט, צוליב וואָס זייער זון איז צו זיי געקומען, האָבן זיי אָנגעהויבן צו וויינען און זיך צו בעטן:

— זונעניו! ליבער, טײַערער! דו

בּיסט דאָך אונדזער איינציקע טרייסט
אויף די עלטערע יאָרן. פאַרלאָז אונדז
ניט!

און זיי האָבּן מיט אַלע מיטלען גע=
זען אים אָפּצוהאַלטן וואָס לענגער.

מיראָס האָט זיך אָבּער אַרויסגע=
ריסן פון זייערע הענט און איז אַנט=
לאָפן קיין סיראַקוז.

שווער איז געווען אָוועקצוּוואַרפן
די אַלטע עלטערן, אָבּער נאָך שווע=
רער — צו לאָזן דעם פריינט זיצן אין
תּפיסה און ניט צו האַלטן קיין וואָרט.



מיראָס האָט זיך זייער געאײַלט.
די צייט איז געווען קורץ.

צום אומגליק האָט זיך אינמיטן
וועג אויפגעהויבּן א שטורעם און
ס'האָט גענומען גיסן א שלאַקס=רעגן.

מיראָס האָט געדאַרפט איבּערגיין

איבער א טײַך. דאָס וואַסער אין טײַך האָט זיך אָבער אויפגעהויבן און אַוועק־געטראָגן די בריק.

מיראָס האָט גענומען שרײַען, רופן, אָפּשר וועט זיך געפינען עמיץ, וואָס זאָל אים אַריבערפירן אויפן אַנדער ברעג. אומזיסט. קיינער האָט זיך אויף זײַנע קולות ניט אָפּגערופן.

מיראָסעס צַער איז געווען ניט צו באַשרײַבן.

דער טײַך איז דערווײַל געוואָרן אַלץ ברייטער און ברייטער, צעגאָסן זיך ווי אַ יַם.

און די צײַט לויפט. ס׳איז שוין נאָך האַלבן טאָג. קומט ער ניט פאַרן זונ־אונטערגאַנג קיין סיראַקוז, איז זײַן פרײַנט אַ פאַרפאַלענער.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אין פאַרלעגנהײַט.

— וואָס ס׳וועט זײַן, וועט זײַן! —

האָט ער ענדלעך אויסגעשריען, אַרײַנ=
געוואָרפֿן זיך אין טײַך און מיט אַלע
כּוחות גענומען שווימען צום אַנדער
ברעג.

גענוג געזונט האָט מיראָסן גע=
קאָסט, איידער ער האָט דערגרייכט
דעם ברעג. אָבער פֿאָרט דערגרייכט!
און ער האָט קײַן איבעריקע רֶגע ניט
פֿאַרלוירן.

א נאַסער, אַ מידער, אַ הונגעריקער
איז ער גלײַך אַוועק קײַן סיראַקוז.

באַלד טרעפֿט אים אָבער ווידער אַ
צָרה: אַ באַנדע רויבער פֿאַרשטעלט
אים דעם וועג.

— וואָס פֿאַרלאַנגט איר פֿון מיר?
איך האָב גאָרנישט — זאָגט מיראָס צו
זיי — מער ווי דאָס לעבן פֿאַרמאָג איך
ניט. דאַרף איך עס, כּדי צו ראַטעווען
מײַן פֿרײַנט פֿון טויט.

די גזלנים זײַנען אָפּגעטראָטן און



מיראָס איז ווײַטער געגאַנגען.

דער ווינט איז דערווײַל שטילער געוואָרן, דער הימל האָט זיך אויסגע־לײַטערט, די זון האָט אָנגעהויבן צו ברענען.

אַ מידער, אַ פֿאַרחלשטער פֿאַלט מיראָס צו דרערד. באַלד דערהערט ער — ס׳ריזלט אַ וואַסער ניט ווײַט פֿון אים. ער קריכט ארויף אויף אַ בערגל און געפֿינט אַ קוואַל.

ער פֿאַלט צו צום קוואַל, פֿרישט אָפּ די כּוחות און ווײַטער אין וועג אַוועק...

דערווײַל ווערט אַלץ שפּעטער, די שאָטנס פֿון די ביימער ווערן אַלץ לענגער...

מיראָס טרעפֿט אָן צוויי מענטשן און ער הערט, ווי איינער זאָגט צום אַנדערן:

— מע האָט אים שוין געוויס גע־

בּראַכט צו דער תּלִיָה.

מיראָס ווייס אַליין ניט, פון וואַנען עס נעמען זיך נאָך בײַ אים כּוחות צו לויפן. אָבער ער לויפט. אָט זעט ער שוין פון ווײַטן די שפּיצן פון די שטאָטישע טורעמס, וואָס גלאַנצן מיט די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון.

מיראָסן אַנטקעגן לויפט אַרויס זײַן געטרײַער דינער. —

— צוריק! צוריק! — שרײַט ער צו מיראָסן — דו האָסט שוין פאַרשפּעטיקט. דײַן פרײַנט מאַטערט מען שוין. טראַכט איצט וועגן זיך. דײַן פרײַנט האָט גע-וואַרט אויף דיר; מע האָט אָבער גע-לאַכט און געשפּאָט פון אים און גע-זאָגט, אַז דו האָסט אים אָפּגענאַרט. ער האָט זיי ניט געגלויבט און אַלץ געהאָפט.

— ניט וועגן זיך וועל איך טראַכטן,

ניט צוריק וועל איך לויפן — האָט מיראָס געענטפערט — נאָר אַהין צו אים, צו מײַן פרײַנט. און ווען אַפילו מײַן צריקקומען וועט אים שוין ניט ראַטעווען, וועל איך אויך שטאַרבן מיט אים צוזאַמען. זאָל דער מערדער ניט זאָגן, אַז מיראָס האָט קײַן וואָרט ניט געהאַלטן, האָט זײַן פרײַנט פאַרראַטן. זאָל ער זען, ווי אמתע פרײַנט ליבן און געטרויען איינע די אַנדערע.

---

די זון איז שוין פאַרגאַנגען, ווען מיראָס איז צוגעלאָפן צו די טויערן פון דער שטאָט.

פון ווייטן האָט ער שוין געזען דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אויפן שטראָף=פּלאַץ.

אָט זעט ער, ווי מע הייבט שוין הויף זײַן פרײַנט צו דער תּליה.

מיטן לעצטן אימפּעט רײַסט ער זיך

אַרײַן אינעם המון.

— האַלט! — שרײַט ער אויס — אַט בין איך! מיך דאַרף מען הענגען, מיך!

עס ווערט שטיל. די פֿרײַנט וואַרפֿן זיך איינער דעם אַנדערן אויפֿן האַלדז. א רירנדיקע סצענע.

מע האָט וועגן דעם צו וויסן געגעבן דעם הערשער. ער האָט אויסגעהערט און — ס'איז א וווּנדער געשען: זײַן האַרץ איז מיטאַמאָל ווייך געוואָרן. ער האָט געהייסן ברענגען צו זיך בײדע פֿרײַנט און צו זיי אַזוי געזאָגט:

— איר האָט מיך באַזיגט. איצט זע איך, אַז פֿרײַנטשאַפֿט איז ניט קײן אויסגעטראַכטע זאַך.



# לאָטאָ-שפּיל
# „רעטעניש"

צונויפגעשטעלט

— פון ש. באַסטאָמסקי.

באַמערקונגען צום שפּיל

— און —

ענטפערס צו די רעטענישן

פ אַ ר ל אַ ג

„די נייע יידישע פאָלקסשול"

ווילנע

אַבּאָנירט דעם איינציקן 2=וועכנטלעכן
אילוסטרירטן יידישן קינדער=זשורנאַל

# „גרינינקע ביימעלעך"

אונ דעם חודש=זשורנאַל פאַר
עלטערע קינדער און יוגנט

# „דער חבר"

ביידע זשורנאַלן דערשיינען אין ווילנע
אונטער דער רעדאַקציע פון ש. באַסטאָמסקי.

די „גרינינקע ביימעלעך" און „דער חבר"
האָבן פאַרדינט די אַלגעמיינע אָנערקענונג
פון אַלע פריינט פון יידישן וואָרט און
יידישן קינד אין דער גאַנצער וועלט.

אַבּאָנעמענטס=פרייז פון די „גר. ביימעלעך":
פאַר פוילן; א יאָר (20 נומ')—7 ג. ½ יאָר (10 נ')—4 ג.
" אויסלאַנד " (10 נ')—1.20 דאָל. " (10 נ') 60 ס.

אַבּאָנעמענטס=פרייז פון „חבר":
אַ יאָר (10 נומערן)—4 גילדן אַ ½ יאָר—2 גילדן.
אויסלאַנד — 60 סענט אַ יאָר.

אַדרעס פון דער רעדאַקציע=אַדמיניסטראַציע:
S. Bastomski, Wilno, Stefańska 24, m. 2S

קאָמפּלעטן „דער חבר" אין פּראַכטבאַנד אַ יאָרגאַנג 5 גילדן
קאָמפּלעטן „גרינ. ביימעלעך" אין פּראַכטבענדער 8 גילדן

## אַכטונג, שולן!

שוין דערשינען!!!

# נייע לידער־זאַמלונג

מיט נאָטן

## „אונטער די גרינינקע ביימעלעך“

צונויפגעשטעלט פון **ש. באַסטאָמסקי.**

מעטאָדישע רעדאַקציע פון געזאַנג־לערער פון די ווילנער יידישע שולן און דיריגענט פון ווילנער כאָר **א. סלעפּ.**

—

מיט באַשטעלונגען ווענדן זיך:

S. Bastomski, Wilno, Stefańska 24, 28